**אליעזר שינדלער**

(מינכן).


[illegible]

[illegible]

# וואָס די וועלט דערציילט

## מעשהלעך פון אומעטום




פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע 1936

אליעזר שינדלער

(מינכן).

# וואס די וועלט דערציילט

## מעשהלער פון אומעטום

[illegible]

אין פרעכ[illegible]



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע 1936

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין ברודער

# שָלום ז"ל,

געבוירן 1896 אין טיטשין (מיטלגאַליציע),

געלעבט אין מינכן.

געפאַלן אויפן עסטרייכיש-רוסישן פראָנט

אין יאָר 1915.

אליעזר שינדלער.

# די טויב און דער האָן

א שיינע ווײַסע טויב איז געזעסן אויף א פּלויט און זיך געוואָרעמט אויף דער זון.

קומט א האָן צו פלאַטערן, שווער און אומגעלומפּערט, שטעלט זיך אַנידער לעבן דער טויב און זאָגט:

— מיר, פייגל, זײַנען יִהוסדיקע און גאָר חשובע באַשעפענישן... מיר זײַנען געבענטשט מיט מַעלות מער פון אַלע חיות און בהמות... אונדזערע פליגלען טראָגן אונדז ארויף אין דער ריינער פרײַער הייך, נעענטער צום הימל און צו דער זון... און קיינער קען אונדז דאָרט אהין נישט נאָכקומען...

— לאָמיר טאַקע תּיכּף געניסן פון אונדזער פרײַהײַט — האָט די שיינע ווײַסע טויב געענטפערט — און מיט אירע גרינגע באַחנטע פליגל זיך אויפגעהויבן אַלץ העכער און העכער און ווי א קליין ווײַס לופט-שיפעלע געזעגלט איבער לאָנקעס און פעלדער.

דער האָן, דער בַּעל-גוף און בַּעל-מגוּם, איז אויך אראָפּגעפלויגן פון פּלויט. אָבער זײַנע

שווערע אומגעלומפערטע פליגל האָבן אים נאָר געטראָגן ביז צו דער נאָענטער קופּע — מיסט...

דאָרט איז ער געשטאַנען, תּמעוואַטע גע־קרייט און נאַריש און גולמדיק פון זיך גע־בלאָזן...



# אַ שיכּור און זײַן אײזעלע

אין אַן איטאַליענישן דערפל האָט אַמאָל אַ שיכּור געפירט זײַן אייזעלע צום טײַך, ס'זאָל זיך דאָרט אָנטרינקען.

דאָס אייזעלע האָט באַלד געשטילט זײַן דורשט און געוואָלט צוריק אַהיים אין שטאַל אַרײַן.

דער פּויער, דער שיכּור, האָט אָבער דווקא געוואָלט, אַז דאָס אייזעלע זאָל נאָך טרינקען. ער האָט געשריען און געשאָלטן, נאָר באַיין אופן ניט געקאָנט פּועלן. דאָס אייזעלע האָט ניט גע־וואָלט טרינקען.

פאַרטראַכט זיך דער פּויער און זאָגט:

— דו, אייזעלע, האָסט מער שׂכל פון דײַן באַלעבאָס. אַז דו האָסט גענוג געטרונקען,

הערסטו אויף, און איך, אפילו ווען איך האָב שוין מער ווי גענוג, טרינק איך נאָך אַלץ ווײַטער צוליב מײַנע חברים...



# די פאַווע און די גאַנדז

א רײַכער קירגיזישער פּריץ האָט געהאַלטן אַ גרויסן הויף מיט פאַרשיידענע מינים עופות: הינער, קאַטשקעס, אינדיקעס, גענדז און טויבן. און צווישן זיי אַלע האָט זיך אַרומגעדרייט מיט גאווה אַ פּאַווע...

דערנענטערט זיך צו איר אַ גאַנדז. בייזערט זיך די פאַווע און זאָגט מיט שטאָלץ:

— איך ווייס ניט, פאַרוואָס מע לאָזט דיך, אַזאַ ווײַסע אָרעמע גאַנדז, אַרומגיין אויף איין הויף מיט מיר, דער רײַכער פּילפּאַרביקער פאַווע. וואָס מיט מײַנע פעדערן צירן זיך די חשובסטע פּריצן... ווי קומסטו צו זײַן מײַן שכנטע?...

— טאַקע זייער גערעכט — ענטפערט די גאַנדז — איך מיין אויך, אַז מען דאַרף שאַצן די עופות לויט די פעדערן... אויף מײַנע פעדערן ווערט דער מענטש געבוירן... און אויף מײַנע

פעדערן שטאַרבט ער... און מיט מײַנע גרעסערע פעדערן זײַנען געשריבן געוואָרן די שענסטע הייליקסטע און טיפסטע ווערק פון אַלע פעלקער, דורות און צײַטן... אָבער מיט דײַנע פעדערן, נאַרישע פּאַווע, וואָס קען מען שוין מיט זיי אַזויגס אויפטאָן?!...



## דרײַ בעלי-בתּים

דרײַ ברידער, טאָטערן, האָבן באַקומען ירושה איין אייזעלע. האָבן זיי צווישן זיך אָפּגעשמועסט, אַז יעדן טאָג זאָל דאָס אייזעלע אַרבעטן בײַ אַן אַנדערן ברודער; און יעדער זאָל אין דעם טאָג, ווען ער וועט מיט דעם אייזעלע אַרבעטן, אים געבן צו פרעסן.

איז געשען אַזוי: דער ברודער, וואָס האָט מיט דעם אייזל הײַנט געאַרבעט, האָט בײַ זיך געטראַכט: „מײַן ברודער האָט דעם אייזעלע נעכטן געגעבן צו פרעסן... מאָרגן וועט אים דער דריטער ברודער געבן... צו וואָס-זשע זאָל איך הײַנט דאָס אייזעלע פיטערן?...

און אזוי האָבן אַלע דרײַ ברידער דאָס אײַ־
גענע געטראַכט. ביז דאָס אָרעמע אײזעלע איז
געפּגרט פון הונגער...



# די קוקאװקע און דאָס הינדל

—דו אַלטפּרענקישע!—האָט אַ קוקאװקע זיך
אַמאָל געריצט מיט אַ פּשוט הינדל—גײסט אַ
גאַנצן טאָג אַרום און האַלטסט אין אײן שרײַען:
גאַ—גאַ—גאַק, גאַ—גאַ—גאַק, אַז די אױערן
טוען אַזש װײ. און מען איז שטאַרק צופרידן,
אַז דו װערסט אַנטשװיגן... און מיט דײַנע אומ־
געלומפּערטע פליגל קענסטו אױך נישט קײן סך
אױפטאָן... אָבער איך פלי מיך אַרום װי אַן
אָדלער און מיט מײַן קול פרײען זיך יונג און
אַלט!...

—דו ביסט טאַקע אַ הײַנטװעלטיקע!—האָט
דאָס הינדל געענטפערט—און איך, איך קלער ניט
װעגן פרעמדע נעסטן. איך טרוי נישט אָן מײַנע
אײער צו פרעמדע פײגל, אַז זײ זאָלן זײ אױס־
בריען. איך בין גליקלעך און צופרידן, אַז איך

קען מיט מײַנע פליגל באַשיצן און באַהיטן מײַנע קלײנטשינקע הינדעלעך און מיט מײַן קול דאַנקען און לויבן דעם באַשעפער...



# געגעסן קרויט און נוט געוואָלט חנפענען

אין דער שטאָט סיראַקוז, וואָס אין דער מדינה סיציליע, האָט פאַרצײַטנס געהערשט דער אכזר דיאָניזיס. א סך מענטשן האָט ער אומגליקלעך געמאַכט. און דעם גרויסן פילאָזאָף און טיפן דענקער דיאָגענעס האָט ער גאָר שטאַרק גערודפט, מחמת דיאָגענעס האָט זיך דערוועגט דעם רשע צו זאָגן דעם אמת...

שטייט איינמאָל דער פילאָזאָף דיאָגענעס בײַם טײַך וואַשט דאָרט עטלעכע בלעטלעך קרויט, וואָס ער האָט געפונען אין גאַס, און מיט דעם דאָזיקן ביסל גרינס וויל ער שטילן זײַן הונגער, וואָס פּײַניקט אים שוין עטלעכע מעת-לעת.

גייט פאַרבײַ א דינער פונעם אכזר דיאָניזיס און זעט דאָס, און ער זאָגט צום פילאָזאָף:

— דיאַגענעס! וואָלסטו געטאָן מײַן הארס
ווילן, וואָלסטו ניט געדאַרפט לעבן אין דחקות און
נויט. וואָלסט ניט געדאַרפט שטיין בײַם טײַך
מיט אַלע קבצנים און עסן קרויט, וואָס דו גע־
פינסט אין גאַס. וואָלסט געלעבט ווי א שׂררה
און געגעסן מאַכלים מעדנים...
דיאָגענעס דער פילאָזאָף האָט דעם משרת
געענטפערט:
— ווען דו וואָלסט צופרידן געווען מיט
קרויט, וואָלסטו ניט געדאַרפט חנפענען דײַן האַר,
דעם רשע, און ניט געדאַרפט ווי א הונט זיך
תמיד פאַר אים בויגן...



# מלחמה און שלום

אויף דעם גרויסן יאַריד אין דער כינע־
זישער הויפּטשטאָט שטייט כאַנג־פּע דער נאַר
און זעט, ווי מחנות זעלנער, באַוואָפנטע מיט
קינזשאַלן און שפּיזן, מיט שווערדן און ביקסן
לאָזן זיך אין וועג אַרײַן.
וווּנדערט זיך כאַנג־פּע דער נאַר און פרעגט:
— וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?

ענטפערט אים דער עולם:

— דאָס מאַרשירן די זעלנער אוועק אין דער מלחמה.

פרעגט כאַנג־פע ווײַטער:

— וואָס טוט מען אין דער מלחמה?

זאָגט מען אים:

— אין דער מלחמה הרגעט מען מענטשן, מע מאַכט אַ תל אַ וויסטן פון פעלדער און וועלדער, פון פּירות און תבואות, מע פאַרברענט דערפער און שטעט, מע מאַכט חרוב לענדער און מדינות.

שאָקלט כאַנג־פע מיט זײַן זילבער־גראָען קאָפּ — און צוויי גרויסע פערל־טרערן קײַקלען זיך אַראָפּ פון זײַנע באַקן און ער פרעגט:

— פאַרוואָס און צו וואָס טוט מען דאָס אַלץ?

ענטפערט דער עולם:

— כדי צו מאַכן שלום.

שטייט כאַנג־פע אַ רגע אַ פאַרטראַכטער און זײַנע טיפע פאַרחלומטע אויגן קוקן ווײַט־ווײַט און ער זאָגט:

— וואָלט ניט געווען לײַכטער, מע זאָל מאַכן שלום, איידער סע קומט צו שביפות, שחיטות און הריגות?



# אַ מַעֲשֶׂה מיט צוויי פֿייגל

די נאַכטיגאַל און דער גימפּל האָבן זיך אַמאָל זאַלבענאַנד געלאָזט אין וועג אַרײַן.

— וואָס עפּעס תּמיד זיצן אין איין וואַלד? — האָבן זיי זיך געטראַכט — לאָמיר אַ ביסל אַ קוק טאָן, וואָס מע הערט דאָרט אין די ווײַטערע מקומות, ווי עס לעבט זיך דאָרט אונדזערע קרובים, דעם פֿליגלפֿאָלק...

זײַנען די צוויי חבֿרים געפֿלויגן איבער דערפֿער און שטעט, איבער בערג און טאָלן. אַזוי עטלעכע טעג, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען אין אַ גרויסן געדיכטן וואַלד אַרײַן.

בוימער — הויכע, שיינע, צווײַגן — געזונטע, ברייטע, מיט גרינע זאַפּטיקע בלעטער.

איז דער וואַלד די צוויי וואַנדערער גאָר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. האָבן זיי טאַקע באַשלאָסן זיך דאָ אַ ביסל אויסצורוען פֿון דעם ווײַטן מהלך.

אָקאָרשט האָבן זיך די צוויי אורחים אָנידערגעזעצט, זײַנען שוין אָנגעקומען די פֿייגל

פונעם וואַלד מקבל־פּנים צו זײַן די צוויי פרעמדע קרובים.

דער גאַנצער וואַלד־עולם האָט מיט גרויס התפּעלות באַוווּנדערט דעם גימפּל. זיי האָבן כּסדר געלויבט זײַן שוואַרץ קעפּעלע, זײַן גראָ פּלייצקעלע און די רויטע פאַרב פון זײַן ברוסטעלע.

— דאָס מוז זײַן אַ גאָר חשובער פויגל, פון אַ סאַמע געקליבענעם יחוס — האָבן די פייגל צווישן זיך געשמועסט. — און דער צווייטער, מיט זײַן פּראָסט, אָרעם מלבוש איז מסתמא זײַן משמש, וואָס באַגלייט אים אויף זײַנע נסיעות...

די חבֿרה פייגל האָבן זיך אַלע נענטער צוגערוקט צום גימפּל, אים אײַנגאַנצן אַרומגערינגלט, און די נאַכטיגאַל האָבן זיי אַוועקגעשטופּט אָן אַ זײַט. דערנאָך האָבן זיי געבעטן דעם גימפּל, ער זאָל עפּעס זינגען, אַזוי צו זאָגן:

— אַז איר, ליבער גאַסט, האָט אַזוינע בכּבֿודיקע מלבושים, זענט איר מסתּמא אַ גוטער בעל־מנגן...

גימפּלען זײַנען געפעלן געוואָרן די דאָזיקע שבֿחים. ער האָט זיך געלאָזט צוריידן און אָנגעהויבן צו „זינגען"...

נו, נו... זאָלט איר, קינדערלעך, שוין גאָר ניט פרעגן, וואָס בײַ דעם „קאָנצערט" האָט זיך געטאָן! ס׳איז פאר גימפּלען, נעבעך, געווען אַ מפּלה על מפּלה...

אַלע פייגל, וואָס האָבן פריער אַזוי דרך־אֶרֶצדיק און מיט גרויס יראת־הכּבוד געקוקט אויף רֶבּ גימפּלען, האָבן פון אים איצטער חוזק געמאַכט און פון אים געלאַכט דאָס גרעסטע גע־לעכטער...

און גימפּל איז געבליבן שטיין אַ פאַר־שעמטער און אַ דערשלאָגענער...

ווי די חבֿרותא איז שטיל געוואָרן, האָט די נאַכטיגאַל פון איר ווינקעלע געלאָזט הערן איר קול.

— פון וואַנעט קומט דאָס דאָזיקע זיסע געזאַנג? — האָבן אַלע פייגל אויסגערופן פאַר־חידושטע מיט פרייד און התלהבות.

ווען זיי האָבן דערזען, אַז דאָס זינגט די נאַכטיגאַל אַזוי טײַער און זיס, האָבן זיי אַלע גע־שאָקלט מיט די קעפּלעך:

— יאָ! יאָ! ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז אַ פויגל מיט אַזאַ פּשוט באַשיידן מלבּוש זאָל זײַן געבענטשט מיט אַזאַ וווּנדערלעכן קול!"...



# דער אָקס און דער האָן

אויף א יריד האָט אמאָל אַ פויער געקויפט אַן אָקס פאַר הונדערט גילדן און א האָן פאַר עטלעכע צענדלינג גראָשן.

אהיים געקומען, האָט דער פויער אריינגע־לאָזן דעם האָן אין שטאַל צוזאַמען מיט דעם אָקס.

דער אָקס האָט א גאַנצן טאָג געאַרבעט אויפן פעלד עבודת פֶּרֶך. בײנאַכט איז ער געקומען א מידער אין שטאַל און האַרט אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער האָן האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. האָט ער א גאַנצן טאָג ארומגעפלאַטערט אין הויף און קוים האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. האָט ער זיך צעשריען אויפן קול און דעם אָקס נישט גע־לאָזן שלאָפן.

פרעגט אים דער אָקס:

— וואָס שרײסטו און לאָזט מיך ניט שלאָפן? פאַרוואָס נעמסטו זיך ניט קיין ראיה פון מיר? איך האָרעווע א גאַנצן טאָג שווער און ביטער און בײנאַכט ליג איך מיר במנוחה אויף מײן אָרט. דו אָבער פלאַטערסט ארום א גאַנצן מעת לעת און פאַרטאָג צעקרייסטו זיך ווי א ניט־גוטער!

— דיר איז גרינג צו זײַן שטיל — האָט אים דער האָן געענטפערט — דו ביסט בײַם בעל־בית אַ גאַנצער יחסן. ער האָט דיך געקױפט פאַר אַ שטיק גאָלד. דו ביסט מיט אים כסדר צוזאַמען בײַ דער אַרבעט אויפן פעלד און ער פאַרגעסט אָן דיר ניט, אַפילו װען דו ביסט שטיל. פאַר מיר אָבער האָט ער געגעבן סך־הכל עטלעכע קופּערנע מטבעות. אַ גאַנצן טאָג זעט ער מיך ניט. אויב איך װעל ניט אַרומפלאַטערן און בײַנאַכט ניט שרײַען און אים ניט דערמאָנען אָן מײַן אַרבעט, װעט ער מיך דאָך אינגאַנצן פאַרגעסן.

# די קוקאַװקע

דער שטאָר איז אַמאָל געקומען אין אַ װאַלד אַרײַן. פרעגט אים די קוקאַװקע:

— װאָס שמועסט מען דאָרט אין שטאָט װעגן אונדז, די זינגער פונעם װאַלד? װי געפעלן דאָרט די מענטשן אונדזערע געזאַנגען?

האָט דער שטאָר געענטפערט:

— פון דער נאַכטיגאַל איז יעדער גאָר צו־פרידן און פון דער אַמזל האָבן די מענטשן

איך זייער גרויס הנאה. אלע פרייען זיך אין ליבן זייערע געזאנגען.

— און וועגן מײַנע ניגונים? — האָט די קוקאווקע ווײַטער געפרעגט — וואָס שמועסט מען אין שטאָט? דערמאָנט ווער אַמאָל מײַן נאָמען?

— דאָס ווייס איך נישט — האָט דער שטאָר געענטפערט — איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט, אַז עמיצער זאָל דאָרט אַמאָל דײַן נאָמען דערמאָנען.

— אויב אַזוי — האָט די קוקאָווקע געזאָגט מיט געבייזער — וועל איך מיך אין די מענטשן נוקם זײַן. פון הײַנט אָן וועל איך גופא כסדר נאָר פון זיך ריידן.

און די קוקאָווקע האַלט זיך טאַקע בײַ דעם. עד־היום הערט מען זי כסדר רופן:

קו — קוק — קו — קוק — קו קוק...

## דער פוקס און דאָס הינדעלע

אַ פוקס איז אַרומגעלאָפן זוכן זיך אַ נאַכט־מאָל.

קומט ער אין אַ הויף אַרײַן און זעט:

א הינדל זיצט אין איר נעסט, די פליגל צעשפרייט איבער אירע פיצלעך הינדעלעך.

פארנייגט זיך פיקסל הכנעהדיק און זאָגט מיט א לאקריץ־זיסן לשון:

— א גוטן אָוונט דיר, מומעשי תרנגולת! ביסט חלילה וחס קראנק? זאָג מיר, הארציקע: וואָס פעלט דיר? אפשר ווייס איך גראָד עפעס א גוטע היימישע רפואה פאר דיינעטוועגן: גראָזן זאפטיקע פונעם געמייזעכץ, אָדער קרייטעכצער פונעם וואלד, אָדער אזוי אן עצה־טובה, צי אן אָפּשפּרעכעניש?...

האָט דאָס הינדל אויף פיקסלס בוימלדיקע ריידעלעך אזוי געענטפערט:

אמת, איך בין טאקע עפעס ניט מיט אלע־מען, נאָר די בעסטע רפואה וואָלט פאר מיינעט־וועגן געווען, ווען דו טראָגסט זיך באלד אוועק פון דאנעט צו אלדי גוטע יאָר...



# דער געטרייער הונט

פאַסטעכער האָבן זיך אין זייער געצעלט אָנגעגרייט אַ טאָפּ פרישע מילך כּדי צו טרינקען נאָך דער אַרבעט.

ווי נאָר זיי זײַנען אַרויס אין פעלד, איז אין געצעלט אַרײַנגעקראָכן אַ שלאַנג, האָט זיך אָנגעטרונקען מיט מילך און אין דער רעשטיקער מילך אַרײַנגעשפּריצט איר שאַרפן גיפטיקן סם און איז אַוועק.

אין אַ ווינקל פון געצעלט איז געלעגן דער הונט פון די פאַסטעכער און געזען, וואָס די שלאַנג האָט געטאָן.

ווען די פאַסטעכער זײַנען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָבן זיי זיך געזעצט עסן און געוואָלט טרינקען פון דער מילך.

דער הונט איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען, ווילד געהודזשעט און געבּרומט און געוואָלט אַפילו בײַסן. ווי דען אַנדערש האָט דער הונט געקאָנט וואָרענען זײַנע באַלעבאַטים און פרײַנד פאַר דעם טויטלעכן געטראַנק, פאַר דער פאַרסמ־טער מילך?

די פאַסטעכער האָבן דעם הונט ניט פאַר־שטאַנען. זיי זײַנען בייז געוואָרן, האָבן אים פאַר זײַן מאָדנער פירעכץ געשלאָגן און אים אוועק־געטריבן אָן א זײַט.

אין דער רֶגע אָבער, ווי איינער פון די פאַ־סטעכער האָט גענומען דעם טאָפּ מילך אין דער האַנט אַרײַן און זיך געקליבן צו טרינקען — איז דער הונט פּלוצים צוגעשפּרונגען צו אים מיט א ווילדער גיכקייט און אויסגעטרונקען די גאַנצע מילך ביז צום דעק.

באַלד איז דער הונט אַנידערגעפאַלן, זיך געוואַלגערט אין שרעקלעכע יסורים און זיך אויסגעצויגן א טויטער.

אַצינד האָבן די פאַסטעכער פאַרשטאַנען, אַז דער הונט האָט זיי געראַטעוועט פון טויט. זיי האָבן זײַן געטרײַשאַפט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אויף דעם אָרט, ווו די פאַסטעכער האָבן דעם הונט באַגראָבן, שטייט נאָך עַד־הַיום א געווענק־שטיין מיט די אויסגעקריצטע ווערטער:

„דער שטיין פון דעם געטרײַען הונט".



# דער אייזל און דאָס לעמעלע

אַן אייזל האָט זיך געפּיטערט אויף אַ לאָנקע אין שכנות פון אַ לעמעלע.

פּלוצים זאָגט דער אייזל צום לעמעלע:

— גוט, וואָס קיינער זעט אונדז ניט. ס'וואָלט פאַר מיר געווען אַ שרעקלעכער בזיון, ווען מע זאָל זיך דערוויסן, אַז דו ביסט מײַן שכן.

— פאַרוואָס איז דאָס אַזאַ חרפּה מיך צו האָבן פאַר אַ שכן? — האָט דאָס לעמעלע מכלו־מערשט תמעוואַטע געפרעגט.

— אַ שיינע שאלה, כ'לעבן! — האָט דער אייזל זיך צעלאַכט — דו ווייסט נעבעך ניט, אַז די גאָרע וועלט האַלט דיך פאַר אַ שוטה, און אַ יעטוועדן נאַר רופט מען טאַקע מיט דײַן שיי־נעם נאָמען: לעמעשקע...

— ס'קאָן זײַן, אַז מיר פעלט־טאַקע אַביסל שכל — האָט דאָס לעמעלע בנעימות געענטפערט — נאָר נעכטן האָב איך געהערט, ווי מײַן באַלעבאָס האָט זיך געבייזערט אויף זײַן קנעכט, ווײַל ער וויל ניט אַרבעטן, איז פויל, נאַריש און אומגעלומ־פּערט ביז גאָר. האָט ער אים „מכבד" געווען מיט

א נאָמען, וואָס פּאַסט ווי אָנגעגאָסן און אָנגע־מאָסטן אי פאַר א שוטה, אי פאַר א פּויליאַק.

— מיט וואָס פאַר א נאָמען האָט דאָס דער באַלעבאָס דײַנער זײַן פּוילן און נאַרישן קנעכט אַזוי מכבּד געווען? — האָט דער אײזל נײַגע־ריק געפרעגט.

— צי האָסטו שוין פאַרגעסן, ווי דו הייסט? — איז געווען דעם לעמעלעס ענטפער.



# דער קרעבס, די מויז און דער מיסטוואָרעם

א מלך האָט געהאַט אַן אײנציקע טאָכטער. איז זי שטענדיק געווען פאַראומערט און קײנמאָל ניט געלאַכט. דער פאָטער האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש. האָט ער געלאָזט מעלדן, אַז דער יעניקער, וואָס וועט ברענגען זײַן טאָכטער צום לאַכן, וועט זי באַקומען פאַר א ווײַב.

מע קען זיך משער זײַן, אַז א היפּשע צאָל בחורים האָבן חשק געהאַט צו ווערן דעם קיניגס איידעם.

דעם צווייטן טאָג איז דער קיניגלעכער פּאַלאַץ שוין פול געווען מיט פאַרשיידענע בעלנים.

יעדערער פון זיי האָט זיך מיט כּלערליי המצאות געמיט, די בת־מלכּה פריילעך צו מאַכן, זי זאָל כאָטש אַ ביסעלע לאַכן. נאָר זייער אַלע־מענס מי איז געווען אומזיסט. די אומעטיקע פּרינצעסין האָט אפילו ניט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון געלעכטער.

דעם קיניגס מעלדונג האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. פון איר האָבן אויך געהערט אַן אָרעמער זקן מיט זיין זון, וואָס האָבן געוווינט צוזאַמען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ישוב.

זאָגט דער אַלטיטשקער צום זון: — פאָלג מיך און גיי צום קיניג. אפשר וועסטו דאָרט מצליח זיין.

דער זון האָט געפאָלגט דעם פאָטערס עצה. גענומען זיין רענצל און, באַגלייט פון פאָטערס האַר־ציקע ברכות, איז ער אַוועק אין דער הויפּטשטאָט.

אונטערוועגס האָט זיך דער יונגערמאַן אָנגע־שטויסן אויף אַ קרעבס. בעט זיך דער שרץ:

— האַרציקער בחור! האָב רחמנות אויף אַן אָרעם באַשעפעניש און צעטרעט מיך ניט! ווער

ווייס, אפשר וועל איך דיר אַמאָל קענען אָפּ־
דינען!

דער יונגערמאַן האָט געפאָלגט. גענומען דעם קרעבס, אים אַרײַנגעוואָרפן צו זיך אין רענצל און ווײַטער געוואַנדערט.

ניט לאַנג האָט געדויערט, דערזעט ער אויפן וועג אַ מויז. בעט זיך די מויז בײַ אים רחמים־ער זאָל זי ניט דערהאַרגענען, נאָר זי נעמען צו זיך אין רענצל אַרײַן. זי וועט אים אָפּטאָן אַ טובה.

האָט דער יונגערמאַן ווידער געפאָלגט.

געגאַנגען עטלעכע טריט ווײַטער, דערזעט ער אַ מיסטהאָרעם. בעט זיך דער מיסטוואָרעם בײַם וואַנדערער מיט דעם זעלבן פּיזמון ווי דער קרעבס און די מויז.

דער יונגערמאַן וואַרפט אים אויך אַרײַן אין רענצל און וואַנדערט ווײַטער.

דעם אַנדערן מעת־לעת פּאַרנאַכט קומט דער יונגערמאַן מיט זײַנע באַגלייטערס אין קיניגלעכן שלאָס. ער מעלדעט זיך בײַם ראָטהאַר, אַז ער איז געקומען די בת־מלכּה לאַכנדיק צו מאַכן.

האָט מען אים אַרײַנגעפירט צום קיניג.

דער מלך האָט דעם וואַנדערער געהייסן אַוועק־לייגן דאָס רענצל און זיך זעצן עסן אָונטברויט.

–עסן וועט ער זייער גערן–האָט דער דאָרפס־יונג דעם קיניג געענטפערט.– גאָר זײַן רענצל וועט ער באַין אופן ניט אַוועקגעבן פון זײַן האַנט.

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טישל לעבן דער אומעטיקער בת־מלכּה.

צו דעם אָונטעסן האָט מען דערלאַנגט גע־קאָכטע אַרבעס. אַלע געסט האָבן זייער שטיל געגעסן... פּלוצלונג האָט די מויז אין רענצל דער־שפּירט דעם ריח פון געקאָכטע אַרבעס. האָט זי אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו באַלעקן: טשיפּ, טשיפּ!

ווי דער קרעבס האָט דאָס דערהערט, איז ער אויך געוואָרן אויפגערודערט און געקלאַפּט מיט זײַן עק אויף דעם טרוקענעם דעק פונעם רענצל: ליפּ, ליפּ!..

דער מיסטוואָרעם האָט שוין אויך ניט גע־שוויגן און זיך צעלאַכט: בים, באַם! בים, באַם!

–ווער מאַכט דאָס דאָרט אונטערן טיש אַזוינע קונצן? – האָט די בת־מלכּה געפרעגט

האָט דער דאָרפסיונג בתמימות געענטפערט:

– וואָסערע קונצן? די אַרבעס קענען זיך אין מײַן בויך ניט לעבן בשלום. האָבן זיי זיך דאָרט אָנגעהויבן צו שלאָגן.

דערהערט די תשובה, האָט די פּרינצעסין אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו לאַכן.

דער קיניג האָט זיך תּיכּף אויפגעשטעלט און געזאָגט צום דאָרפסיונג:

– זי איז דײַנע, און דו ביסט מײַן איידעם!

*

בײַ דער סעודה איז אויך געזעסן אַ פרעמ־דער בן־מלך. ער איז געקומען פון אַ ווײַטער מדינה. די בת מלכה לאַכנדיק צי מאַכן, האָט אים זייער שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס אַזאַ פּשוטער שלעפּער האָט באַקומען די פּרינצעסין.

נאָכן אָונטעסן האָט דער מלך זײַן איידעם געגעבן טײַערע מלבושים, ער זאָל זיי צומאָרגנס אָנטאָן.

האָט דער פרעמדער פּרינץ דעם דינער צו־געזאָגט אַ סך געלט, אַז ער זאָל פאַר זײַנעטוועגן די קליידער צוגנבענען.

דער פרעמדער בן־מלך האָט בײַ זיך גע־טראַכט: ער וועט זיך אָנטאָן די קיניגלעכע מלבושים און אַזוי פאַרשטעלטערהייט גיין צו דער חופּה מיט דער בת־מלכּה.

תּיכּף נאָכן ערשטן דרימל האָט זיך דער דינער געוואָלט נעמען צו דער אַרבעט, די קליי־

דער צוצוגנבענען. נאָר קוים האָט ער אויפגע-מאַכט די טיר, איז אים דער מיסטוואָרעם—בים — אַרײַנגעפלויגן אין אויג אַרײַן... דאָס אויג האָט אים שטאַרק ווײ געטאָן. האָט ער עס צוגעדעקט מיט זײַן האַנט און די טיר געלאָזט אָפן און אַליין אַנטלאָפן... בײַ דער צווייטער טיר האָט זיך דער דינער געוואָלט מיַשב זײַן און נאָכאַמאָל אַרײַנגײ. נעמען די קיניגלעכע מלבושים. איז אים דער מיסטוואָרעם אַרײַנגעפלויגן אין צווייטן אויג אַרײַן.

דער דינער האָט פאַר שרעק און יסורים אויך די צווייטע טיר געלאָזן אָפן און אַוועק.

איצט איז געקומען די צײַט פאַרן קרעבס און דער מויז.

דער בן-מלך דער ניטפאַרגינער איז אַנט-שלאָפן געוואָרן. ביידע טירן זײַנען געשטאַנען אָפן. זײַנען די צוויי שרצים אַרײַן אין זײַן צימער. די מויז האָט מיט אירע שאַרפע ציינדלעך אים צעביסן זײַנע קליידער אויף שטיקלעך און דער קרעבס האָט די צעביסענע שטיקלעך איינציקווײַז אַרויס-געצויגן. אזוי האָבן די צוויי שרצים געאַרבעט ביז פאַרטאָג- געמאַכט אַ תּל פון בן-מלכס קליידער און ער איז געבליבן אין איין העמד.

אין דער פרי האָט דער מלך ארויסגעגעבן זײַן פּסק־דין: דעם נאַקעטן בן=מלך ארויסוואַרפן פון הויף.

דער בן=מלך איז אוועק מיט חרפּות און בושות און דער זון פון אָרעמען זקן איז געוואָרן דעם קיניגס איידעם.

ער האָט פאַרבעטן דעם אַלטן פאָטער צו זיך אין קיניגלעכן שלאָס אַרײַן.

אַ חתונה איז געווען כּיד=המלך, און דער געוועזענער דאָרפסיונג האָט געלעבט מיט דער בת=מלכּה גליקלעך און צופרידן...



# פאַרוואָס מע זאָגט בײַם ניסן: „העלף, גאָט!"

געווען אַמאָל אַן אָרעמאַן. קיין מלאָכה ניט געלערנט, קיין שווארצע ארבעט ניט באַקומען, האָט ער בײַ זיך געטראַכט צו ווערן אַ גנב.

אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט איז ער אוועק זיך אַרײַנצוכאַפּן אין אַ פּריצישן הויף, דאָרט צונעמען אַ פערד און וועגעלע.

אונטערוועגנס האָט ער באַגעגנט אַ פרעמדן. פרעגט אים דער אָרעמאַן:

— ווער און פון וואַנעט?

ענטפערט דער פאַרשוין: ער איז אַ שֵד און גייט אין הויף אַרײַן צונעמען די נשמה בײַם פּריץ.

דערציילט אים דער אָרעמאַן, אַז ער גייט אויך אין הויף אַרײַן צונעמען אַ פערד און וואָגן און ער בעט דעם שֵד, ער זאָל אים זאָגן, ווי אַזוי ער וועט דאָס צונעמען די נשמה בײַם פּריץ.

האָט דער שד אים דערציילט זיין פּלאַן: ער וועט אַרײַן צום פּריץ אין שלאָפשטוב, אים אויפ־וועקן. דער פּריץ וועט רופן זײַן דינער יאָנאַס, וועט זיך הייסן ברענגען וואַסער. דער דינער וועט אַרײַנקומען מיטן קרוג און תֵּיכֶּף אַרויסגיין. דער פּריץ וועט זיך דאַן נעמען וואַשן און אָנ־הייבן שטאַרק צו ניסן.. אין שטוב וועט קיינער ניט זײַן צו זאָגן: „העלף, גאָט!"—וועט דער פּריץ אַזוי לאַנג ניסן, ביז די נשמה וועט אים אויסגיין.

דער שד האָט דעם אָרעמאַן אָנגעזאָגט, ער זאָל דאָס האַלטן בסוד. ער וועט אים דערפאַר העלפן צוגנבענען פערד און וואָגן.

בשתיקה געקומען אין הויף, איז דער שד דורכן קוימען אַרײַן אין שלאָפצימער פון פריץ.

דער אָרעמאַן איז געבליבן לעבן פענצטער, צו זען, ווי דער שד וועט זיך דאָרט נוהג זײַן.

האָט דער אָרעמאַן געזען: ווי דער שד האָט אויפגעוועקט דעם פריץ; ווי דער פריץ רופט זײַן דינער; ווי דער דינער ברענגט וואַסער און גייט צוריק אַרויס, און בײַם וואַשן הייבט דער פריץ אָן שטאַרק צו ניסן.

ווי דער אָרעמאַן האָט געזען, אַז דער פריץ ניסט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „העלף, גאָט!"

דער פריץ האָט אויפגעהערט ניסן.

דער שד איז אַנטלאָפן און זיך געבייזערט אויפן אָרעמאַן, פאַרוואָס ער האָט ניט געשוויגן.

דער פריץ האָט דערהערט די קולות, האָט ער גערופן יאַנאָסן, ער זאָל זען, ווער סע שטייט אין דרויסן, און דעם דאָזיקן תּיכּף אַרײַנשלעפּן אין שטוב אַרײַן.

דער דינער האָט דערזען דעם אָרעמאַן און אים אַרײַנגעשלעפּט צום פריץ.

דער פריץ האָט אים געפּרעגט, פאַרוואָס ער האָט געשריען: „העלף, גאָט!"

האָט דער אָרעמאַן אַלץ דערציילט פון אָנהייב ביז צום סוף.

דער פריץ האָט אַ ביסל נאָכגעקלערט און געזאָגט צום אָרעמאַן: — איך דאַנק דיר, גוטער ברודער, פאַר דײַן גרויסער טובה. דו האָסט מיך געראַטעוועט פון טויט. איך בין פעסט געשלאָפן און אפילו ניט געחלומט וועגן אויפשטיין און וואַשן זיך, און פאַרט בין איך פלוצים אויפגעשטאַנען. דאָס איז אַ סימן, אַז דײַנע רייד זײַנען אמת.

דער פריץ האָט דעם אָרעמאַן געגעבן אַ פערד און וועגעלע, אַ שטיקל אַקערלאַנד און אַ ביסל געלט.

דער פויער האָט זיך און זײַן הויזגעזינט מפרנס געווען פון זײַן אַרבעט און מער שוין ניט געקלערט צו ווערן אַ גנב.

פון דעמלט אָן איז אַ מנהג, אַז מען זאָגט בײַם ניסן: „העלף, גאָט!"



# דער חלום פון אַ שנײַדער

אַן אָרעם יתומל איז אַמאָל געקומען צו אַ שנײַדער און בײַ אים געבעטן:

— איך וויל ווערן אַ שנײַדער! אפֿשר וואָלט איר מיך אויסגעלערנט אײַער מלאָכה.

האָט דער שנײַדער דעם ייִנגל געפֿרעגט:

— וואָס האָט זיך דיר די דאָזיקע נאַכט גע־חלומט?

האָט דאָס ייִנגל געענטפֿערט:

— מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך בין פּלוצים געוואָרן אַ גרויסער גביר.

— קום מאָרגן! — האָט דער בעל־מלאָכה גע־זאָגט צו דעם יתום. — איך קאָן דיך הײַנט ניט צונעמען!

דעם צווייטן טאָג איז דאָס ייִנגל ווידער גע־קומען מיט דער אייגענער בקשה.

האָט אים דער שנײַדער ווידער געפֿרעגט, וואָס פֿאַר אַ חלום עס האָט זיך אים געחלומט:

האָט דאָס ייִנגל דערציילט:

— איך האָב געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט און

אונטערוועגנס געפונען אַן אוצר—אַ גרויסן טײַס־טער פול מיט גאָלדענע רענדלעך.

— איך קאָן מיט דיר הײַנט ווידער נישט אָנהייבן; קום מאָרגן, וועל איך דיר זאָגן אַ תשובֿה!

אַזוי איז דאָס ייִנגל געקומען יעדן טאָג. דער שנײַדער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, וואָס דעם יתומל האָט זיך געחלומט און אים כּסדר אַהיים געשיקט און געהייסן קומען מאָרגן.

איינמאָל קומט דער יתום צו גיין און דער־ציילט דעם בעל־מלאכה:

— נעכטן בײַנאַכט האָט זיך מיר געחלומט: איך בין געזעסן אויף אַ שנײַדעריש בענקל און אַ גאַנצן טאָג גענייט. גרויסע שוויס־טראָפּנס זײַנען גערונען פון מײַן שטערן. שפּעט פאַר־נאַכט, ווען איך האָב אָוועקגעלייגט די נאָדל פון מײַן האַנט, האָב איך פּלוצים דערזען, אַז די נאָדל איז פון גינגאָלד...

— גאַר ווויל, מײַן קינד, דאָס איז אַ חלום פון אַ שנײַדער! אַזוי דאַרף חלומען יעדעס ייִנגל, וואָס ווויל זיך אויסלערנען שנײַדערײַ.

נאָך דעם אייגענעם טאָג האָט דער בעל־מלאָכה צוגענומען דעם יתום פאַר אַ לערנייִנגל...



# זינט ווען הונט און קאץ זיינען זיך שונאים

די חיות האָבן אמאָל געמוזט אָפּהאַלטן אַ זייער װיכטיקע אסיפה. האָט זייער מלך אריה דער לייב אַרויסגעלאָזן אַ קול־קורא איבער זײַן גאַנץ מלכות, אַז אַלע, וואָס זײַנען אים אונטערטעניק, זאָלן זיך צונויפקומען אויף אַ באַשטימטן אָרט.

זײַנען טאַקע אַלע חיות געקומען: פון נאָענט און פון ווײַט, פון ים און פון דער יבשה, פון די הרי־חושך און פון די וויסטע מדבריות. אפילו פייגל און פיש, שלאַנגען און עקדעשן זײַנען געקומען אויף דעם מלכס באַפעל.

הכלל, אַלע פליִענדיקע, גייענדיקע, קריכנ־דיקע און שווימענדיקע האָבן געפאָלגט.

געפעלט האָט נאָר איין חיה, און דאָס איז געווען דער קעמל.

האָט דער עולם געוואַרט, ביז ער וועט קומען. האָט אָבער געדויערט זייער לאַנג, און ער איז נאָך אַלץ נישט געקומען.

איז באַשלאָסן געוואָרן: מע זאָל צו אים

שיקן אַ באַזונדערן שליח. האָט מען תּיכּף גע־
וואָרפן גורל און דער גורל איז געפאַלן אויפן כּלב —
דעם הונט.

האָט דער הונט געטענהט:

— ווי אַזוי וועל איך קענען געפינען דעם
קעמל, אַז איך ווייס ניט צומאָל ווי אַ קעמל
זעט אויס. וואָרום זינט איך לעב, האָב איך
נאָך קיינמאָל קיין העלפאַנד ניט געזען.

האָבן די חיות געזאָגט:

— גיי, כּלב, גיי! דו וועסט אים שוין דער־
קענען. קעמל האָט אַ באַזונדערן סימן: ער
טראָגט אויף זײַנע פּלייצעס אַ הויקער.

און דער הונט האָט געענטפערט:

— אויב אַזוי, וועל איך אים שוין אַהער
ברענגען!

און מיט די דאָזיקע רייד איז ער תּיכּף
ומיד נעלם געוואָרן.

לויפט דער הונט און לויפט און באַגעגנט
אַ קאַץ, וואָס האָט גראָד געמאַכט אַ הויקערל.
נייגט זיך כּלב פאַר דער קאַץ, זאָגט איר זייער
פיין „אַ גוט מאָרגן" און פאַרבעט זי מיט גרויס
כּבוד צו דער וועלט־אסיפה...

האָט זיך די קאַץ נישט געלאָזט לאַנג בעטן און תּיכּף, אַט אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, טאַקע מיט איר געמאַכטן-„הויקערל" מיטגעגאַנגען, וווּהין דער הונט האָט זי פאַרבעטן...

אָנגעקומען אויף דעם אָרט פון דער אַסיפה, האָט דער הונט געגעבן אַ געשריי:

—אַט האָב איך געבראַכט צו פירן דעם קעמל!

און פאַרן גאַנצן עולם פאַרגעשטעלט די קאַץ מיטן „הויקערל".

אַלע חיות האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַן אויסטערליש געלעכטער, אַזוי אַז דער הונט האָט ניט געוווּסט ווּ זיך אַהינצוטאָן פאַר חרפּה.

פון יענער אַסיפה אָן האָט דער הונט פײַנט די קאַץ בתּכלית השנאה.



# מײַז זוכן אַ יחוס-שידוך.

אַמאָל איז געבאָרן געוואָרן אַ מויז. האָט זי אַנדערש אויסגעזען פון אַנדערע מײַז: פון העלדזועלע אָן איז איר פעלעכל געווען ווײַס ווי די פעל פון אַ הערמעלע.

האָבן זיך די מײַז דעריבער אויסטערליש געפרייט און צוליב דער גרויסער שמחה זיך צונויפגעקומען זוכן אַ שיינעם בכּבֿודיקן שידוך פאַר דער ווײַסער מויז.

אכבּר, די עלטסטע, האָט זיך אוועקגע-שטעלט אויף אירע הינטערשטע לאַפּקעלעך, אויסגעדרייט אירע בליציק-שאַרפע אייגעלעך צום עולם און גערעדט אַזוי צו זאָגן:

— הֱיות ווי צווישן אונדז איז קיינער נישטאָ, וואָס זאָל ראוי-זײַן חתונה צו האָבן מיט דער ווײַסער מויז, על-כּן איז מײַן דעה, אַז מען זאָל זיך משדך-זײַן מיט דער זון.

— ניין! ניין! — האָבן די מײַז זיך צע-קוויטשעט — די זון לאָזט זיך פאַרדעקן פון דער כמאַרע! הײַנט ווי קענען מיר מסכּים זײַן צו דעם דאָזיקן שידוך? דאָס וואָלט געווען אַן אומ-כּבֿוד פאַר דער גאַנצער מײַז-משפּחה.

— איז אפֿשר גלײַך, מע זאָל זיך משדך-זײַן מיט דער כמאַרע? — האָט די "עלטסטע" געפרעגט:

— ניין! ניין! — האָבן די מײַזעלעך בייז גע-שטשירעט מיט די שפּיציקע ציינדעלעך און גע-וואָרפן מיט די שטעכיקע וואָנצעלעך: — די כמאַרע

לאָזט זיך פאַרטרײַבן פונעם ווינט און דערפֿאַר איז זי ניט ווערט די ווײַסע מויז!

— זאָל מען זי חתונה מאַכן פאַרן ווינט — האָבן אַנדערע מײַזעלעך געזעצהט.

— דער ווינט לאָזט זיך אָפּהאַלטן פון דעם באַרג! — האָט אַן אַנדער צד פון די מײַזלעך געפּײַערט—און איז שוין גאָר אין גאַנצן ניט קיין גלײַכער שידוך פאַר דער ווײַסער מויז.

— טאָ וואָלט דאָך דער באַרג געווען דער בעסטער זיווג פאַר דער ווײַסער מויז! — האָט עכבר, די עלטסטע, ווידער געלאָזט הערן איר קול.

— וואָס איז שוין, מישטיינס געזאָגט, אַזוינס די גבורה פונעם באַרג?—האָבן זיך די מײַזעלעך אַרום צעלאַכט איבער גרעסטן געלעכטער — אַז דאָס מינדסטע מײַזעלע חיל, בײַסט עס זיך אַרײַן צופוסנס פונעם באַרג און הוילט אים אונטער ווי אַן אַלטן קלאָץ... הײַנט וואָס פאַר אַ יחסן איז אַזוינס דער באַרג!

— אויב שוין יאָ אַזוי,—האָבן די מײַז געענו־מען שרײַען מיט אַלע כוחות:—איז דאָך אַ מויז חשובער פאַר אַלעמען! וואָרום די מויז איז שטאַרקער פונעם באַרג, וואָס ער איז שטאַרקער

פונעם ווינט און וואָס ער איז שטאַרקער פון דער כמאַרע און וואָס זי איז שטאַרקער פון דער זון! עַל־כֵּן זאָל מען די ווײַסע מויז טאַקע חֲתונה מאַכן מיט אַ מויז. זאָל זיך יַחוּס באַהעפטן צו יַחוּס...

אָט אַזאַ מַעשהלע ווערט דערציילט...



# דער וואָלף און דער פוקס.

דער וואָלף דער רוֹצֵחַ האָט בײַ אַ פויער צוגעגזלט עטלעכע שעפעלעך, זיי פאַרצוקט און אויפגעגעסן.

דאָס האָט דעם פויער זייער שטאַרק פאַרדראָסן. האָט ער אויסגעגראָבן אַ טיפע גרוב כְּדֵי דער גַזלן פון זײַנע שאָף זאָל דאָרט אַרײַנפאַלן. און וועלוול איז טאַקע אַרײַנגעפאַלן.

שוין די צווייטע נאַכט איז דער וואָלף געלעגן אין טיפן געפענקעניש.

צומאָרגנס קומט אָן פיקסל דער מחוצֵף און זעט, ווי „זײַן גוטער פרײַנד" ליגט אונטן אין גרוב. רייצט ער זיך מיט דעם געפאַנגענעם, מאַכט פון אים חוזק:

— אוי, דו אַלטער שוטה! שלים-שלימזלדיקער טיפּש! האָסט דיך געלאָזט אַרײַננאַרן ווי אַ קאַץ אין זאַק. דאָס קאָן טאַקע נאָר געשען מיט אַזאַ צרהדיקער בהמה ווי דו ביסט! אוי, וועלוועלע, אַ בראָך צו דײַנע טעג און אַ קלאָג צו דײַנע יאָרן!

אָט מיט אַזוינע געשפּעטערײַען און שטעכווערטלעך האָט פּיקסל דער עזות-פּנים געטאַנצט אַרום גרוב און פּלוצים — אין דער סאַמע גרעסטער שמחה זײַנער — האָט ער געגעבן אַ פאַלשן טראָט און איז ווי אַ שטיין אַראָפּגעפאַלן אין גרוב אַרײַן.

דער בײזער און אויסגעהונגערטער וואָלף האָט זיך מיט דער גאַנצער ווילדקייט פון זײַן רציחה געוואָרפן אויפן פוקס און אים תּיכּף אָן לאַנגע שיהיות צעריסן אויף שטיקער און אויפגעגעסן.



# דאָס קעמל.

אויף א זאַפטיקער לאָנקע לעבן א טײַך פון גַן־עֵדן זײַנען געלעגן די חַיות געזעטיקט און צופרידן.

פון שנאָה און קנאָה האָט דעמלט נאָך קײ־נער ניט געוווּסט. ס׳איז געווען דער אַכטער טאָג נאָך דער באַשאַפונג פון דער וועלט און אַלע באַשעפענישן האָבן געלעבט בשָלום און בשַלוָה...

פלוצים שטייט אויף דאָס קעמל און הייבט זיך אָן באַרימען:

— ווער קאָן זיך פאַרגלײַכן צו מיר? ווער נאָך איז אַזאַ בְּרִיָה און אַזוי געראָטן ווי איך? אפילו אָדם דער מענטש האָט ניט אַזוי פיל שֵׂכל וויפיל איך!

די חַיות און עופות האָבן מכלמָרשט גע־לאַכט, אָבער דעם קעמלס רייד האָט זיי אַלעמען שטאַרק פאַרדראָסן. וואָרום קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט דעם פאַרשטאַנד וואָס דער מענטש...

איז אומגעריכט אַרויס פונעם וואַסער דער שוואַן און א זאָג געטאָן צום קעמל:

—אָבער אזא פּרעכטיקן האָלדז, ווי איך האָב, האָסטו ניט!

א דערשראָקענער האָט דאָס קעמל גע־ענטפערט:

— יאָ, אזא שיינעם האָלדז ווי דער שוואַן פאַרמאָג איך ניט!

אין א רגע שפּעטער איז פלינק און שטיל פון א קשאַק, אַפירגעשפּרונגען א קאַץ און זיך חוצפּהדיק גערייצט:

— און אזא הויקער ווי איך — קאָנסטו אויך ניט מאַכן!

א פאַרשעמטער האָט דאָס קעמל געמוזט מודה זיין:

— ניין, אזא קונציקן הויקער ווי די קאַץ קאָן איך ניט מאַכן.

נאָך א קליינער הפסקה איז אויפגעשטאַנען דאָס פערד און זיך לעבעדיק צעהירזשעט:

— ביסט, קעמל, געבענטשט מיט א סך גוטע מעלות, אָבער אין לויפן קאָנסטו זיך מיט מיר פאָרט ניט פאַרמעסטן!

מיט חרפּה האָט דאָס קעמל געמוזט צוגעבן:

— ניין, אזוי גיך לויפן ווי דאָס פערד בין איך באַין=אופן ניט אין שטאַנד!

א פּאַרשפּלטער איז דאָס קעמל אוועק און זיך געשטעלט פאַרן כּסא־הכּבֿוד און געביטערט:

— האַר פון דער וועלט! איך, דײַן באַשע־פעניש, בין נאָך ווײַט ניט אינגאַנצן געראָטן. אויף צו זײַן דער מלך איבער די חיות פעלן מיר נאָך א סך מעלות!

האָט גאָט דעם קעמל אזוי געענטפערט:

— פאַרוואָס האָסטו זיך באַרימט, אז דו ביסט קליגער פונעם מענטשן? אויב דו ביסט טאַקע אזא גרויסער חכם, האָסטו מיר באַלד אין אָנהייב געדאַרפט זאָגן, ווי אזוי איך זאָל דיך באַשאַפן. איצט איז שוין פאַרפאַלן און איך קאָן דיך אין דײַן געשטאַלט שוין ניט איבעראַנדערשן!

דאָס קעמל האָט אָבער ניט געוואָלט אָפּ־טרעטן און מיט אן אײַנגעשפּאַרטער עקשנות זיך געבעטן:

—האַר! גיב מיר די מעלות, וואָס פעלן מיר!

האָט גאָט נאָכגעגעבן דעם קעמלס באַגער און אים געלײַטזעליקט מיט דעם האַלדז פונעם שוואַן, מיט דעם הויקער פון דער קאַץ און מיט דער גיכקײַט פונעם פערד... און פּלוצים איז אויסגעוואַקסן א פאַרזעעניש, א מיאוס קעמל....

און נאָך א שטראָף האָט דאָס קעמל באַקומען: גאָט האָט בײַ אים צוגענומען דעם שׂכל און דאָס לשון, כּדי ער זאָל זיך שוין ניט קענען באַרימען און ניט פירן מער קיין מחלוקות מיט די אַנדערע חיות און עופות.



# גאָלדענע אייער.

אַן אַלטער שוואַכער קאַלמיק מיטן נאָמען סידהי-קיר האָט זיך מפרנס געווען פון כאַפּן פייגל. זײַן זון כאַמוק-סאַקיטשי, נאָך גאָר אַ יונגער, פלעגט אויך טאָן דאָסזעלבע: יעדן אין דער פרי אַרויס אין סטעפּ מיט זײַנע נעצן און פאַנג-מכשירים.

איינמאָל איז כאַמוק-סאַקיטשי געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג און קיין איינציק פייגעלע ניט געפאַנגען.

פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך געזעגנט, און די שכנישע קירגיזן האָבן אין דרויסן פאַר זייערע קיביטקעס זיך געבוקט מיט די פּנימער קײַן מעקאַ, איז אָנגעקומען אַ פייגעלע מיטן

נאָמען כאַנין־סאַטווא, זיך גאָר גרינג געלאָזט כאַפּן און אפילו ניט געציטערט, ווען דער יונג כאַמוק־סאַקיטשי האָט עס גענומען בײַם קעפּעלע און אַרײַנגעשטעקט אין זײַן קעסטעלע...

געקומען אַהיים, האָט דער בחור דאָס פייגעלע אַרײַנגעלאָזט אין אַ שטײַגל, געגעבן אים וואַסער און אַ שיסעלע מאָן.

אין דער פרי, ווען כאַמוק־סאַקיטשי איז גע־גאַנגען פון שטײַגל צו שטײַגל און די פייגעלעך געפיטערט, האָט ער אין כאַנין־סאַטוואָס שטײַגעלע דערזען ליגן אַ גאָלדן איי...

דער זקן סידהי־קיר האָט דאָס איי אָוועק־געטראָגן צו אַ סאַרטישן גאָלדשמיד און דערפאַר באַקומען אַ היפּשע צאָל מטבעות.

אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען יעדן טאָג דרײַ חדשים לאַנג...

איינמאָל אין דער פרי האָט דאָס פייגעלע כאַנין־סאַטוואַ אָנגעהויבן צו ריידן און אַזוי געזאָגט:

— דרײַ חדשים האָב איך אײַך יעדן אין דער פרי געלייגט אַ גאָלדן איי. איר זײַט איצט נגידים און קענט אײַך מפרנס זײַן בכבוד. איצט

מוז איך צוריק אוועק אין מײַן היים, וואָס גע־
פינט זיך אין סאַמאַרקאַנד. לאָזט מיך אַרויס פון
שטײַגל. פון הײַנט אָן טאָרט איר שוין מער קײַן
פייגל ניט כאַפּן. אויב איר וועט מיך ניט פאָלגן,
וועט ווײַטער קומען דער דלות אין אײַער געצעלט.

זיי האָבן דאָס פייגעלע באַפרײַט.

סידהי־קיר און זײַן זון כאַמוק־סאַקיטשי
האָבן געפאָלגט די רייד פונעם פייגעלע און דעם
טעם פון דחקות שוין קיינמאָל ניט געפילט.



# אינהאַלט:


1. די טויב און דער האָן — — — — 5
2. אַ שיכור און זײַן אייזעלע — — — 6
3. די פּאַווע און די גאַנדז— — — 7
4. דרײַ בעלי־בתים— — — — 8
5. די קוקאַווקע און דאָס הינדל — — — 9
6. געגעסן קרויט און ניט געוואָלט חנפענען — 10
7. מלחמה און שלום (כינעזישע) — — — 11
8. אַ מעשה מיט צוויי פייגל — — — 13
9. דער אָקס און דער האָן — — — 16
10. די קוקאַווקע — — — — — 17
11. דער פוקס און דאָס הינדעלע — — — 18
12. דער געטרײַער הונט — — — — 20
13. דער אייזל און דאָס לעמעלע — — — 22
14. דער קרעבס, די מויז און דער מיסטוואָרעם — 23
15. פאַרוואָס מע זאָגט בײַם ניסן „גאָט, העלף!"? (ליטווישע) — — — 29
16. דער חלום פון אַ שנײַדער — — — 33
17. זינט ווען הונט און קאַץ זײַנען זיך שונאים — 35
18. מײַז זוכן אַ יחוס־שידוך (אַבעסינישע) — — 37
19. דער וואָלף און דער פוקס — — — 40
20. דאָס קעמל (טאָטערישע)— — — 42
21. גאָלדענע אייער (קאַלמיקישע) — — — 45




Eliëser Schindler

# MÄRCHEN



Verlag „Grininke Bojmelech“
Wilno, 1936.